קאָמיטעט
פאַר
ייִדישער קולטור
אין ישראל

# ביכער-סעריע

שרײַבערס עולים פון
סאָוועטן-פאַרבאַנד

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון קרן הזכרון לתרבות יהודית, ניו-יאָרק, —
האגודה לחקר תפוצות ישראל, ירושלים.

אַברהם וועלעדניצקי

# אַ טראָפּן
# אין לויטערן ים

לידער




תשל״ז — 1977

*

אַברהם וועלעדניצקי איז געבוירן געוואָרן דעם 29סטן אָקטאָבער 1894 אין ראַדאָמישל, קיִעווער געגנט. זייַן פֿאָטער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ וואַלדגעשעפֿט. אין זייַן היים האָט אַברהם באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג. אין די יוגנט־יאָרן געלערנט תנ״ך, שטודירט די רבנישע ליטעראַטור, באַקומען סמיכות אויף רבנות. דער פֿאָטער האָט געוואָלט, אַז זייַן זון זאָל ווערן אַ רב. אַברהם האָט אָבער פֿאַרלאָזט זייַן היים און אַוועק קיין קיִעוו שטודירן וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן. ער איז אָנגענומען געוואָרן אויפֿן יורידישן פֿאַקולטעט פֿון קיִעווער אוניווערסיטעט.

אין יאָר 1919 איז וועלעדניצקי אַוועק פֿרייַוויליק אין דער רויטער אַרמיי. אין אָנהייב 1921 ווערט ער דעמאָביליזירט און דעלעגירט, צוזאַמען מיט אַנדערע, צו אָרגאַניזירן אַ קינדערהיים פֿאַר יידישע קינדער־יתומים, צונויפֿגעזאַמלטע אויף אוקראַיִנע נאָך די וויַסגוואַרדייִשע פּאָגראָמען. שפּעטער ווערט ער לעקטאָר פֿון יידישער ליטעראַטור אין אַ מיטלשול, דערנאָך אויך אין אַ טעכניקום, און פֿון יאָר 1933 ביז 1941 אין קיִעווער טעאַטראַלן אינסטיטוט, אויפֿן יידישן אָפּטייל. איין און צוואַנציק יאָר פֿון זייַן לעבן האָט ער געווידמעט דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט.

אַברהם וועלעדניצקי האָט אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן זייַנע לידער זייענדיק אין דער אַרמיי אין די צייַטונגען „קאַמפֿאַן״, „דער שטערן״ א״אַ. אין 1921 האָט זיך געשאַפֿן די ליטעראַרישע גרופּע „ווידער־ווּקס״ פֿון די יונגע, שפּעטער באַוווּסטע שרייַבערס: אי. פֿעפֿער, אי. קיפּניס, מ. כאַשטשעוואַצקי און צווישן זיי אויך אַ. וועלעדניצקי א״אַ.

דאָס ערשטע ביכל לידער וועלעדניצקיס א״נ „לייַטערניש״ איז דערשינען אין קיִעוו, אין יאָר 1922, אַרויסגעגעבן דורכן פֿאַרלאַג „ווידערווּקס״. אין 1929 איז אין קיִעווער פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע״ דערשינען דאָס צווייטע ביכל א״נ „אָנקום״, אין 1932 — „מיטן יונגן קלאַס״, און אין 1939 — „לידער״, ביידע אין קיִעוו אין אוקרנאַצמינדפֿאַרלאַג. געדרוקט לידער און קריטישע אַרטיקלען אין די פּעריאָדישע אויסגאַבעס „די רויטע וועלט״, „פֿאַרמעסט״, א״אַ,

צונויפגעשטעלט לערנביכער, אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַרישע כרעס־טאָמאַטיע פֿאַר די ייִדישע שולן אין ר״פ, זיך פֿאַרנומען מיט רעדאַקטאָרישע אַרבעט.

אין 1935 פֿאַרענדיקט אַ. וועלעדניצקי די אַספּיראַנטור אין דער ליטעראַרישער סעקציע פֿון אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער קולטור בײַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע.

אין די יאָרן 1940־1941 פֿאַרנעמט ער זיך מיט וויסנשאַפֿט־לעכער אַרבעט אין קאַבינעט פֿאַר ייִדישער קולטור בײַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע, ווו ער באַשעפֿטיקט זיך מיט פֿאָרשן די געשיכטע פֿון דער ייִדישער דראַמע.

אָנהייב מלחמה, אין 1941, עוואַקויִרט זיך וועלעדניצקי אויף צפֿון־קאַווקאַז און פֿון דאָרטן פֿאָרט ער אַריבער קיין ערעוואַן (אַרמעניע), ווו ער אַרבעט אין דער רוסישער אָפּטיילונג פֿון אָרטיקן מלוכה־פֿאַרלאַג. אין 1945 קערט ער זיך צוריק קיין קיִעוו און זעצט פֿאָר זײַן פֿאָרשערישע אַרבעט אין קאַבינעט פֿאַר ייִדישער קולטור. אין 1947 באַקומט ער דעם טיטל „קאַנדידאַט פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן״ פֿאַר זײַן דיסערטאַציע: „עטיודן צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער רעאַליסטישער דראַמע״. אין 1949 ווערט דער קאַבינעט פֿאַר ייִדישער קולטור ליקווידירט און וועלעדניצקי בלײַבט אָן אַרבעט.

אָנהייב 1951 איז ער אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשיקט אין אַ לאַגער אויף 10 יאָר. נאָך דער רעהאַביליטאַציע, סוף 1955, זיך צוריקגעקערט אַהיים שוין שווער קראַנק, אָנטוישט און צעבראָכן. ער האָט שווער איבערגעטראָגן דעם אומקום פֿון זײַנע נאָענטע פֿרײַנד, ייִדישע שרײַבערס און קינסטלערס און דעם חורבן פֿון דער ייִדישער קולטור אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. זײַן טרוים צו קומען אין ישׂראל האָט זיך נישט פֿאַרווירקלעכט. ער איז אַוועק פֿון דער וועלט דעם 19טן אָקטאָבער 1959.

„אַ טראָפּן אין לויטערן ים״ נעמט אַרײַן אַן אָפּקלײַב פֿון אַברהם וועלעדניצקיס ניט־פֿאַרעפֿנטלעכטע לידער, וואָס די אַלמנה פֿון פֿאַר־שטאָרבענעם דיכטער רעיה וועלעדניצקי האָט אָפּגעהיט און גע־בראַכט קיין ישׂראל, און אַ טייל לידער פֿון די פֿריִער דערשינענע ביכלעך; דער דריטער אָפּטייל, אונטערן שער „אויף דער שוועל״, איז צונויפֿגעשטעלט דורכויס פֿון לידער געדרוקטע אין דעם ביכל „אָנקום״ (קיִעוו, „קולטור־ליגע״, 1929).

מיט פשוטע ייִדן,
מיט אַלע באַגלײַך
כ'וויל בלײַבן אַ טראָפּן
אין לויטערן טײַך.

(„מײַן פֿאָלק")

# וועלט און צײַט

*

אָ, ווי גוט
ווען מע גייט דורך די וועלט
פאַר קיינעם געקניט,
פאַר קיינעם געבויגט.

ווען דו ווילסט —
דו גייסט צו צום חבר,
מיט בליקן מיט קלאָרע
טוסט אַ קוק אים אין אויג — —

## געבענטשט זײַ, צײַט

אין אונדזער הייסן שטרײַט
דו ביסט מיט אונדז דאָך, צײַט.
דרייסט פּלאַסטן אום,
דו שנײַדסט אַרונטער בערג.
מיט יעדן טראָט
דו העלפסט
באַשאַפן אונדזער ווערק.
דו העלפסט
דעם פּרהֹוושטיין ווײַזן
פון גוט און שלעכט,
דעם וווּנדער שאַפן
פון מענטשלעכן גערעכט...

נאָר איינס, וואָס איז פאַראַן בײַ דיר אין גאַנג,
גייט קיין מאָל ניט אַרוים מיר פון געדאַנק.
עס טרעפט:
אויף וועלט
אויף גאָר
דו טוסט אַ ברויז,
אַ מחיהדיקן וויכערדיקן בלעטער
און...
פּגורים פאַלן, פאַלן:
פון די אָלימפּן פאַלן
אָפּגעבליאַקעוועטע געטער

אין דרויסן ווערט אַ פרישער,
אַ דערקוויקנדיקער וועטער.
דער מענטש
ער ווערט
געבוירן פון דאָס ניַי.
ר'גייט אום און זינגט
„די וועלט איז מײַן",
דער מענטש איז האַר,
ער אָטעמט פריַי.

דערפאַר אַליין,
אַ צײַט,
דו ביסט אַ פרײַנד פון מענטש,
און שוין דערפאַר
איך ליוב דיך און איך בענטש!

*

כ׳גיי לאַנגזאַם, מײַן פֿרײַנד,
כ׳בין באַלאָדן הײַנט שווער.
פֿון לעבן דעם זין
איך זוך און איך זוך
און ניט נאָר פֿאַר זיך —
אויך פֿאַר די וואָס זײַנען געפֿאַלן,
וואָס לעבן ניט מער...

# דאָס ליד פון דעם נע ונדניק

איך וויל האָבן
אַ פּאַלאַץ, צי אַ קליינעם געצעלט,
איך וויל האָבן אַ פּיצעלע ערד
און זײַן אין אָט דעם פּיצעלע
פֿאַרליבט עטוואָס מער
ווי אין דער גאַנצער וועלט.

*

פֿאַראַן אַזאַ רגע,
אַ ביטערע פֿליג,
טרײַבסט זי אַוועק
און זי קומט צוריק.

די שווערסטע פֿון לײַדן —
די קלײנע מינוט —
ווען איך לעב זי הײַנט איבער
וואָלט אַלץ געווען גוט.

*

איך ווייס דאָס אויך :
אַ שטאַרקע,
אויך אַ בלינדע ביסטו
צײַט.

אַ מאָל, דו טוסט אַ וואַלגער און אַ וואָרף,
אין כּף־הקלע עס טוט אַ פלי
וואָס אויסגעבויט איך האָב
מיט דורות מי.

אַ שטאַרקע,
אויך אַ בלינדע ביסטו צײַט.

*

דער גולם דער בלינדער
וואָס פירט אָן דעם וואָגן —
די צײַט —
פאַרקריכט אָפט אין גריבער,
אין פינצטערע גריבער...

אַ מאָל נאָר (גאָר פלוצעם),
אַ שלעפּ טוט דער בלינדער דעם וואָגן —
ווּהין ?
אין סאַמע דער שיינער,
אין סאַמע דער בלענדנדיק ליכטיקער ווײַט...

*

פאַראַן אַ צער אַזאַ —
ער מאַכט דאָס אויג
אי שאַרף־זעעוודיק,
אי קאַלט.

פון ווייטיקלעכער ווײַט
איך וויל אויף דיר אַ קוק געבן הײַנט, מענטש,
און דערזען
דײַןווירקלעכע געשטאַלט...

*

מען קען זיי פֿאַרלעשן די שׂרפֿות, דעם בראַנד,
נאָר ס'פֿײַער פֿון האַרצן, ווער קען עס פֿאַרלעשן?
איך שטיי הײַנט, איך וויים ניט אויף וואָס פֿאַר אַ ראַנד,
נאָר מאַכן איך דאַרף אַ היסטאָרישן חשבון,

איך שטיי און באַטראַכט זי, די גוואַלדיקע צײַט.
איך פֿרעג אָט בײַם איצטיקן מענטשן:
— אין וויסן און וואָג אַוועק ביסטו ווײַט,
נאָר ווער זיך דער דור, וואָס עס קומט, מיט דיר בענטשן?

*

דײַן לײַב איז פֿאַרוויסט,
דאָס לעבן — אין גרויל.
דײַן האַרץ איז נאָך אַלץ
אַ גאָלדענער שטרוי.

— צעברעכן?
מע קען.
צעברעכן איז גרינג.
נאָר פֿרײַהייט —

אַ רגע,
און ס'האַרץ זיך צעזינגט.

## עלעגיע

איך גיי אַרום און הער זיך אײַן אין יעדער שאָרך,
איך קוק זיך אײַן אין נאָענט און אין ווײַט.
האַרץ און ברוסט געפינט זיך ניט קיין אָרט.
אומרו לאָזט מיך היינט ניט אָפּ.

ס׳דאַכט מיר אַלץ נאָך, אפשר —
אפשר וועל איך אײַך באַגעגענען,
ברידער טײַערע,
וואָס איר זײַט פאַרשניטן פאַר דער צײַט...

גיי איך אום
און איך הער זיך אײַן.
ס׳דאַכט זיך אַלץ,
אַז איר דאַרפט מיר עפּעס זאָגן,
זאָגן גאָר אַ נייטיק וואָרט.
— — —
כ׳זאָג אײַך צו הײַנט,
ברידער־פרײַנד:
אומרו וועט מיך שוין קיין מאָל ניט פאַרלאָזן.
כ׳שווער הײַנט בײַ דעם פאָלק,
בײַ די בעסטע פון מײַן לאַנד —
אויב איך וועל די פרײַנד פאַרגעסן,
זאָל פאַרגעסן ווערן
דאָן מײַן רעכטע האַנט.

*

מיר זײַנען לעבן געבליבן,
צו זען
דעם ליכטיקן סוף
פֿון שוואַרצן געשען.

מיר זײַנען לעבן געבליבן
נאָר צוליב דעם —

אין חורבן פֿון אומרעכט
דערזען
אין רום ניט־פֿאַרפֿלעקטן
דעם מענטשלעכן שם.

*

יעדער מענטש אויף דער ערד
פאַרגינט זיך אַן אָרט
פאַרן וויג פון זײַן קינד,
פאַרן קול פון זײַן וואָרט.

נאָר איך,
אַזוי ווי דער ווינט
אינעם לאַנד, וואָס איז גרויס, — —
קען ניט זאָגן,
אַז אָט דאָס איז מײַן „הויז“.
אויף אָט דעם פּיצעלע ערד
ליגט מײַן וואַרעמע טרער.
נאָר צו מיר דען ס׳געהער?

איז וועמען דאָ מעלד, —
אַז סײַ מיר, סײַ מײַן קינד,
אי דער ציל, אי דער זין
פונעם לעבן דאָ פעלט.

*

וויפל פנימער דער הימל האָט!
וויפל פנימער עס האָט די ערד!
כ'בין מקנא אים, דעם מאָרגנמענטש —
דעם, וואָס שענערס איז אים זען באַשערט.

כ'שיק מײַן גרוס אַהין, אין ווײַטער ווײַט,
פון דעם לעבנסטרעפּל, ווו איך שטיי.
מאָרגנמענטשן... כ'זע זיי נאָך ניט הײַנט,
נאָר דאָס הארץ מײַנס איצט —
עס איז מיט זיי.

*

משהס אַנדענק
מיין זון, וואָס איז אומגעקומען
אין דער פּאַטערלענדישער מלחמה

דער ווינטניאַג מיך נעמט אין קלעם,
דאָס הארץ איז מיט אַ שלייף פאַרצויגן.
איך לאָז אַראָפּ צוריק די ברעם,
דײַן בילד זאָל הענגען פאַר די אויגן.

ווּ איז דאָס אָרט פון דײַן געפעכט
אנטקעגן מענטשישע שאַקאַלן?
דעם קאָפּ
כ׳וויל בייגן צו דער ערד,
צו יענער, ווּ דו ביסט געפאַלן.

פון ווינט און גרויל דאָס בלוט הײַנט פרירט.
דער בליק אין ווײַט איז אײַנגעבויגן.
כ׳בעט בײַם ווינט הײַנט, כ׳בעט איין ריר,
כ׳וויל זען דאָס ליכט פון דײַנע אויגן...

*

כ׳וועל ניט פאַרלייקענען קיין האָר
פון דעם ווי אויסגעוואַקסן דו ביסט, ברודער־מענטש.
און אויסגעוואַקסן ביסט ביז גאָר.
אַז איך דערמאָן זיך נאָר אַ טיילכעלע
פון דעם וואָס איז געווען,
איך בענטש דעם היינט —
איך הער ניט אויף צו בענטשן.

נאָר דאָס וואָס ס׳איז —
ס׳איז ווינציק, ס׳איז ווינציק,
פון זיך און אויך פון דיר איך וויל —
איך וויל אַזוינס,
וואָס וועלן דאַרף מען פון אַ מענטשן...

*

איך טראַכט אַ מאָל: דאָס האַרץ
אַזאַ מין קלײנינקס
און געפילן — אָ, וויפל עס פאַרמאָגט!
און אָט אַצינד
כ'באַטראַכט דאָס צאַרטע צווײַגעלע פון ווײַנשטאָק —
אַזעלכע שווערע ווײַנטרויבן סע טראָגט...

*

ווי פל מאָל כ׳האָב געזאָגט צו דיר, הארץ:
דו טרייַב איבער און לויב,
דו טרייַב איבער און גלויב.
האָב געגלייבט,
אַז דאָס איבערטרייַבן
הייסט ניט —
לייַגן.

כ׳האָב געגלייבט
אַז אַן אמת עס איז
פון אַ העכערן רוים...
האָב געגלייבט, האָב געהאָפט
אַז אַזוינס איז צו גונסטן,
ס׳איז צו גונסטן פאַר אים,
פאַר מייַן פּרעכטיקן טרוים...

## אויף דעם באַרג אַררט

אין בלוי זײַן ווײַסער קאָפּ,
ווי זילבער־ווײַסער וואָל.
און שטאָלץ ער קוקט אַראָפּ,
אַראָפּ אַהער אין טאָל.

זײַן טאָל איז הײַאַסטאַן *,
זײַן הויפּטשטאָט ערעוואַן,
און ס'ציט זיך אויף דער שטאָט
פון באַרג אַ הויך גענאָד.

אויך מיר, פון ערשטן מאָל,
דער באַרג ווערט ליב און נאָנט,
עס קאָן דאָך אים מײַן פאָלק,
די ביבל אים דערמאָנט...

און ס'איז מיר היימלעך הי
אין לאַנד. אַ פאָלק אַן אַלטס,
ס'איז פרײַ זײַן שטוב, זײַן טיר,
ס'איז ליב זײַן ברויט און זאַלץ.

געטריבן האָט דער דראַנג
געיאָגט דעם שונאס שווערד,
נאָר ס'דאַכט, דאָס האַרץ האָט לאַנג
געצויגן זיך אַהער.

---

* אַרמעניע.

## מײַן פֿאָלק

אָט פּונקט ווי אַ קינד
דערקענט פֿון דער ווײַטן
דאָס מאַמעשע קול —
צווישן פֿעלקער אַזוי
דערקען איך מײַן פֿאָלק.
כ׳דערקען דעם קאָליר
פֿון געזיכט. אין אויג —
די ווייכקייט פֿון בליק,
די שײַן זײַנע, זע איך.
אויף כוואַליע פֿון צײַטן זיך וויגט.

און איך זע אָט אַ יִינגל,
אַ חִיוּת — אַ יִינגל
מיט שמײַדיקן קוק.
איך וועל ניט פֿאַרגעסן...
איך וועל ניט פֿאַרגעסן
די טויזנטער קינדער
וואָס פֿײַנד האָט פֿאַרצוקט.
און טרעף איך אַ יונגן
מיט פּנים געקנייטשט
און שטערן געקאַרבט, —

פאַרשטייט איך מיר גרינגלעך
וואָס זאָגט דאָס געזיכט,
פון פנים די פאַרב.

און דעמאָלט...
כ׳בעט איינס ביי מיין פאָלק,
איך וויל ניט קיין סך.
מיט פשוטע ייִדן,
מיט אַלע באַגלייך
כ׳וויל בלייבן אַ טראָפּן
אין לויטערן טייך.

*

מײַן פֿאָלק צווישן פֿעלקער —
צווישן סעדער אַ סאָד.
מיט אַלערלײ בײמער,
מיט אַלערלײ פּרוכט.
בײמער — אַ סך,
פֿון פֿאַרשײדענעם עלטער,
און די פּרוכט —
אַט נעם און פֿאַרזוך.
איעטװידן בוים
איך קען דאָ.
איך קען זײַנע װאָרצלען,
אין דער הײך דאָרט — די קרוין,
די צװײַגן און בלעטער
װי אַ ביכל איך לײען.
נאָר אײנער אַ בוים,
ער שטײט אַזױ נאָענט —
און זעט נאָר:
אַ צװײַג איז דאָרט מאַרקיש
און אַ צװײַג איז האָפּשטײן
און צװישן זײ
מײַן לעבן הענגט
װי אַ צװײַגעלע אַ קלײנס...

## מײַן ייִדיש לשון

אָט דאָס הײמלעכע װאָרט איז דאָס קול פֿון מײַן פֿאָלק.
עס קאָן גרײכן צום באַרג און פֿאַרקלינגען אין טאָל.
אָט דאָס הײמלעכע װאָרט
איך האָב ליב, װײַל ס'איז קלאָר,
װײַל מיר יעדער מאָל דאַכט
ס'איז דאָס װאָרט װאָס איך װאַרט.
זעט: די שפּראַך און דאָס װאָרט,
װי אַלײן אָט דאָס פֿאָלק,
עס איז יונג און ס'איז אַלט.
זעט: די שפּראַך און דאָס װאָרט,
װי אַלײן אָט דאָס פֿאָלק,
ס'איז געקנײטשט און ס'איז שטאַלט.

אין די רײד פֿון אַ פֿאָלק
איז דאָ טרעפֿלעכס און שײנס.
אינעם װאָרט בײַ מײַן פֿאָלק
איז דאָ מוטערשער חן.

איז מיר װױל
אָט דערפֿאַר.
און דערפֿאַר
איז מיר װױל,
ס'איז מײַן
הײמיש געשיר
פֿול מיט זוניקער שײַן.

*

אַ מילדער ווינט
ברענגט הײַנט אַ בשׂורה פֿאַר די ביימער און די בלומען.
כ׳וואַרט —
אפשר וועט אויך ס׳לעבן מײַנס אַ בשׂורה הײַנט באַקומען.

וואַרזעל 1958

# האַרבסט

ביַי ביימער די שטאַמען —
די זעלבע ווי שטענדיק,
נאָר בלעטער
מיט רויטגאָלד געפאַרבטע,
זיי ווערן אַלץ שענער,
זיי ווערן אַלץ שענער,
כאָטש דרויסן ווערט קעלטער...

וויַיזט אויס, אַז די בלעטער
אין פרי און פאַרנאַכט
די זונרויט זיי שלינגען...
אַזוי איז, צי אַנדערש —
מיר איז פריידיק צו זען:
עס האָבן די בלעטער
אַ זוניקע עלטער.

# ס׳ברענט אַ פראָסט

ס׳ברענט אַ פראָסט אין מיטן דרין,
גרינג און וואַרעם קומט אַ ווינט...

טראָגט דער ווינט אַן פרישע פרייען,
פון דער פרישקייט ביימער בלייען.

קומט די זון און קושט די אויגן,
בלייבט אַ קוש דאָרט איינגעזויגן.

און אין גאַסן יעדן מויער,
יעדן גרויען ציגל-מויער

לאַשטשען ווינטן, ווינטן גלעטן
פון גאַנץ פרי ביז אָוונט שפּעטן.

ס׳איז אַ פראָסט, עס ברענט און צינדט.
פּלוצעם ווערט אין דרויסן לינד...

## צום בוים

איך קוק אויף דיר, פֿאַרשניטענער בוים —
די צווײַגן דײַנע
אינעם פֿראָסט און זאַווערוכע גליִען.
איך זע איצט דײַן געדולד,
דײַן אָן אָן אויפֿהער וואַרטן —
אויף דער צײַט פֿון בליִונג.

און איך שפּיר
די אײַנגעשפּאַרטקייט דײַנע
און דעם גלויבן,
אַז נאָך דעם ווײַנענדיקן האַרבסט,
אַז נאָך דער קלעמענדיקער קעלט
וועט אָנקומען דער פֿרילינג...

יאַנואַר 1958

# קאַראַהאָד

איז געוואַקסן שיין און שטאָלט
אַ גרין יאָלקעלע אין וואַלד
און פאַרפּוצט זיך, ווי סע פּאַסט,
ס׳איז געקומען היינט צו גאַסט.

שטייט דאָס יאָלקעלע אין זאַל
מיט די פייערלעך צעשטראַלט
און באַהאָנגען ביז די פים
מיט קאָנפעטן און מיט נים.

צווישן צווייַגעלעך — אַ בלויז,
קומט אַ העזעלע אַרויס.
ס׳איז געלאָפן פונעם וואַלד
און פאַרגאַן צו אונדז אין זאַל.

הייַנט געקומען זייַנען פיל
בערן העלפן אונדזער שפּיל.
אויסגעזעצט זיך אַלע שטייַף
און אויף דודעלעך מע פייַפט.

יאָלקע, יום־טוב־שייַן און גלאַנץ,
ווילן קינדער גיין אַ טאַנץ.
מאַכט אַ קרייַז, מאַכט אים ברייט, —
אַלע זייַנען טאַנצן גרייט.

# אַפּריל

אַ פּשוטער טאָג אין אַפּריל איז עס, מאָנטיק.
בײַ ביימער זשע הײַנט איז דער ערשטער טאָג יום־טוב.
הײַנט אויפגעריכט שטייען מיט גרינסן מיט העלע
די ביימער אין גאָרטן —
אַ גאַנצע קאַפּעלע.

און ס'זינגט אַזוי שיין. אויפן בוים זינגט אַיעטווידעס בלעטל,
ס'זינגט פרישקייט און קראַפט, וואָס איז ערשט פון באַשאַף.

און ס'דאַכט זיך אַלץ אויס.
איין בוים מיט צווייטן זיך טוען פאַרוועטן,
ווער מער וועט אַנטפּלעקן די אוצרות מיט זאַפט.
סוף אַפּריל. אַ פּשוטער וואָכנטאָג. מאָנטיק.
בײַ ביימער זשע איז איצט דער ערשטער טאָג יום־טוב.

ווארזשע 1959

## וואַקסט אַ בוים

אין מיטן פעלד
אַליין
אַ ליפּע וואַקסט —
וואַקסט ראַשיק ברייט,
וואַקסט ריזיק הייך.
דער בוים איז איצט
אין סאַמע בלי.
און כאָטש
אַ בייזע האַנט
קאָן צוקומען
איעדע שעה,
פאַרשניַידן זי,
די ליפּע לאָזט קיין מינדסטן טרויערל ניט צו.
גליַיך האַק און זעג
זיַינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.
איין זאָרג אַצינד אין האַרצן ביַי איר קוועלט:
עס זאָל
קיין צוויַיגעלע ניט זיַין פאַרדאַרט,
עס זאָל
קיין בלעטעלע ניט זיַין פאַרוועלקט.
אין פריַיען רוים איר זיסן ריח אָפּגעבן —
זי דאַרף ניט לוין...
איך נייג דעם קאָפּ פאַר דיר,
אַ שיינער בוים,
איך זע קיין סוף ניט צו דיַין מוט
און קיין ברעג ניט צו דיַין חן.

וואַרזעל 1959

## הימען דער ערד

פון אַלע קלאַנגען העכער הערט די וועלט,
ווען זי, די מאַמע־ערד, צום הימל רופט:
„באַפרוכפּער מיך מיט זון,
באַפרוכפּער מיך מיט רעגן־וואַסערן, מיט לופט".
און די בקשה ער פאַרנעמט —
זײַן זיסן חוב דער הימל טוט.
און יעדעס מאָל
אַלץ מער די ערד דערפילט
אין זיך
די קרעפט.
עס גייט, עס גייט
אין אַלע רוימען גייט
דער ערדיש־הימלשער באַהעפט
און יעדעס מאָל
מיט פרישן מוט
די ערד
די הימל־זרע כאַפּט אין זיך...
קיין טראָפּן זי פאַרלירט,
קיין רגעלע זי רוט,
און וועלט —

עס זעט די וועלט
די ערד הײַנט וואַקסט.
ס'געבוירט די ערד
מײַן גליק, דײַן גליק —
דאָס גליק פון ערד
דאָס ריזיקע עס ווערט געבוירן אויף דער ערד —
איעדן טאָג,
איעדע שעה
אַלץ מער און מער...

וואַרזעל 1959

## צום שאַפער

פון צײַטן פאַרשיידענע,
פון דורות-געדרענג
דעם אמת געדענק,
און אים
צו די קינפטיקע צײַטן
אַ לויטערן, זויבערן
ברענג!

# מייַן דיכטונג

דו האָסט מיך פֿון שטויבן פֿון גרויע געצויגן,
געצויגן צו עכטער, צו אמתער שיַין.
דו האָסט מיר, אַ קינד נאָך, פֿאַרקוקט אין די אויגן
און עפּעס געמאָנט, געמאָנט ווי אַ פֿריַינד.

נאָר איך האָב דיך, ליד מייַנס, גאָר ווינציק געכאָוועט.
ערשט איצטער מייַן לעבן כ׳הייב אָן צו פֿאַרשטיין.
פֿון אָנפֿאַנג פֿון סאַמע דו האָסט עס פֿאַרפֿראָוועט,
פֿאַרווירצט מיט אַ טרויעריק טראָפּעלע חן.

און שטענדיק אַזוי מיט מיר ביסט געגאַנגען,
כ׳האָב טיף אין געהיים דייַן אָטעם געשפּירט.
ווען כ׳האָב קענגן דיר אַ זינד אויך באַגאַנגען,
דו האָסט ניט געריסן די פֿריַינדשאַפֿט מיט מיר.

ווי קיין מאָל דערשפּירט כ׳האָב אַצינד אָט די יווירונג,
זי נערט און זי שטאַרקט מיך אָט דאָ.
ווי שטענדיק,
מייַן האַרץ ווערט געבוירן
אין שטילקייט —
אין שטילער צעלויכטענער שעה.

*

די זון איז גאַנץ פֿרי
אין מײַן צימער אַרײַן
און געבראַכט מיר אַ סטעזשקע
מיט ליכטיקע טריט,

דערנאָך מ׳איז געקומען –
דעם צימער צעטאָפּטשעט...
נאָר ס׳האָט דאָ מײַן לעבן
די סטעזשקע פֿאַרהיט.

און כ׳פֿרעג ניט וווּהין דו וועסט ברענגען,
סטעזשקע מיט ליכטיקע טריט,
איך ווייס נאָר:
עס דאַרף דיך דאָס האַרץ
ווי דער דיכטער דאָס ליד.

# דאָס ליד פון לידער

דערהער איך די קלאַנגען פון דעם גאָלדענעם ליד,
ווערט פולער און פולער מײַן ערדישע גאָב.
מיר דאַכט, כ'בין אַ טויב — אין די הייכן איך פלי
און גרינג פון די הייכן איך לאָז זיך אַראָפּ.

פון גאָלדענעם ליד אָט דעם קלאַנג איך הער אײַן,
ווי דעם צאַרטן גערויש אין די שטראַלן פון זון.
פון אים,
פון דעם פרעכטיקן ליד
עס רײַסט זיך אַ גאָלדענער ווונטש
אין מײַנע באַהאַלטענע וועלטן אַרײַן.

*

אין דעם ליד
ס'אַ מחיה
זאָגן מענטשן —
וואָס זיי זײַנען.
גלײַך אין פּנים זאָגן און אָן מורא —
ס'אַראַ טובה דאָס איז פֿאַר די דורות.

*

העלע זון איז אַ מאָל אין מײַן הויז אַרומגעגאַנגען
און אין לעבן געלאָזט מיר פיל ליכטיקע טריט.
איז דער שונא געקומען — צעשטערט מיר די שײַן,
נאָר די טריט איך האָב דאָך פון רויִנען פאַרהיט.

יאָ, דער פײַנד האָט באַליידיקט,
דער פײַנד האָט באַרויבט,
נאָר דאָס האַרץ איז ניט ליידיק,
דאָס האַרץ איז ניט הויל.

כ׳האָב אַ לויטערן קלאַנג אין די קלאַנגען פון ליד.
איך וועל גיין מיט דעם גאַנג פון ליכטיקע טריט.

## אונדזער שטוב הינטער באַרג

אונדזער שטוב
הינטער באַרג.
אַזאַ היימישער באַרג אין דער הייך,
אויף די זײַטן בײַ אים וואַקסןביימער.
אין זומערשע פריִען
אַ ייִנגל — אַ שטיפער — איך לויף...
וווּהין?
צו די ביימער מיך ציט —
צו די שטענדיקע טרוימערס.
און אָט,
איך בין אויפן באַרג.
פון אויבן — דער הימלשער בלויער סופיט,
און אונטן,
לעם מיר —
מײַנע ליבלינגען — ביימער.
איך צי אויס מײַן האַנט, איך ריר אָן אַ בעזביימל איינס,
דערנאָך גיי איך צו צו דעם קאַשטאַן
און קוק אויף זײַן בלי.
מיר דאַכט, אַז דער בעזבוים ער וואַרט אויף מײַן האַנט,
און דער קאַשטאַן ער וואַרט אויף מײַן קוק.
איך לויף ווײַטער.
איך לויף העכער אַרויף אויפן באַרג —
אַ ריח אַ זיסן דערשמעק איך פון ווײַטן.
די אַקאַציע, אַזאַ מילדע אין יונ׳,
מיט אַ שירעם אַ ווײַסן שטייט אויף דער זון...
און אָט שטייט אַ קליאָן —
איך טאַפּ אָן זײַן שויס...

ס'איז גרין און געשטרײַפּט
און מיט זוימען שוין רײַף.
...פון ערגעץ
אַ ריח אַ ליבן,
פון ערגעץ אַ ריח
איך צי אײַן אין זיך.
פון וואַנען?
איך ווייס ניט.
אויך די קאָרע
פון בוים
זי איז זיס
פאַר אַזאַ יינגל ווי איך.
און אַ מאָל איך קום אָן אויפן באַרג און דערשפּיר:
זיסקייט פוןביימער —
אוי, זי איז דאָ אין די ווינטן...
אין אַלינקע ווינטן,
וואָס קומען צו פליִען
און פליִען אַוועק,
וואָס פלאַטערן אַרום
אַזוי ווי די טויבן...
איז מיר גוט מיט די ביימער,
און מיט די ווינטן איך בין
ווי מיט האַרציקע פרײַנד.
נאָר פּלוצעם
פאַרווילט זיך מיר כאַפּן
ווינטעלעך-טויבן.
לויף איך
באַרג-אַרויף, באַרג-אַראָפּ,
לויף און לויף

ביז עס וועט מיר גאָר היים...
כ'פאַל אַנידער אין גראָז,
אַזוי ווי אַ קלעצל.
כ'בין מיד.
ס'איז די העמד אויף מיר נאַס.
כ'ליג שטיל,
עס באַגיסט מיך
אַ גליקלעכער יִינגלשער שוויים.

*

פֿאַר לופֿט, וואָס זי ווײנט אומעטום,
איז דאָס בעסטע אָט דאָרט
ווו ס'איז גרעסער דער רוים.
און פֿאַר פֿרוכט?
פֿאַר פֿרוכט איז קײן ליבערש ניטאָ
ווי אַ פּיצעלע אָרט אויפֿן בוים.

# אין אַ זומער־פֿאַרנאַכט

ס׳געפעלט מיר זײַן פֿאַר נאַכט אַ בוים — ווײַל דאָרט דער ווינט
ער כאַפּט אַרויף זיך אויף די צווײַגעלעך געשווינד...
איך בין מקנא אויך די גראָזן,
זוי ווינטן רוישן, ווינטן בלאָזן.

און כ׳וואָלט זיך גערן וועלן גלײַכן
צו יענעם קוסטעלע מיט רויזן,
וואָס האָט אויף גאַנצער נאַכט
זיך צוגעזעצט אין דרויסן...

*

אַ שטילער וועג.
כ׳שטעל שמאָלע טריט
אין זאַנגענפעלד,
אין סאַמע מיט.

ס׳איז צײַט פון שניט
אַצינד אין פעלד.
ס׳איז גלוסטונג דאָ,
די גלוסטונג גליט...

ס׳איז שאַרף די מיט
אין יעדער גאַרב,
כ׳האָב אַזש די האַנט
געטאָן אַ שניט...

און יעדן גליד
איך צי דאָ אויס —
נאָ, שאַרף און גאַרב,
טו נאָך אַ שניט!

אויף פעלדער גליט...
— — —
אויף שמאָלן וועג,
אויף זונענוועג
שטעל איך שטאַרקער שוין די טריט.

# כ׳זאָג צו דעם קינד

כ׳זאָג צו דעם קינד וואָס איז אַלט קוים אַ יאָר:
דו קאָנסט נאָך ניט לויפֿן,
איך קאָן שוין ניט לויפֿן.
אָט אַזוי, מיר זײַנען ביידע אַ פּאָר.

דײַן וועלטל אַלץ מערער עס ווערט פֿאַר דיר קלאָר
און האָסט שוין צו פֿרעגן
און האָסט וואָס צו מאָנען,
פּונקט אָט ווי איך, מײַן טײַערע פּאָר.

און אָפֿט טוסט אַ קוק אויף דער ליכטיקער וואָר,
דו ווערסט אַזש פֿאַרציטערט...
איך אויכעט דאָס זעלבע.
איז דאַרפֿסטו דען, קינד מײַנס, אַ בעסערע פּאָר?

וואַרזעל 1959

# אַ מאַדריגאַל

דאָנאַ מיִאַ, טרוים דו מײַנער,
טו אַ קוק — דאָס האַרץ מײַנס פֿלאַטערט.
דאָנאַ מיִאַ, דײַנע פֿליגל
האָבן שׂונאים דיר צעפּאַטערט.

זײַ זשע, דאָנאַ, מײַן געטרײַע,
כ׳וועל דיר שענקען פֿליגל נײַע,
וועסטו פֿליִען, הויך זיך הויבן,
העכער, העכער פֿון די טויבן.

כ׳וועל דאָס האַרץ מיט דײַנס באַהעפֿטן,
ווי צוויי גרויסע שיינע קרעפֿטן.
דאָנאַ מיִאַ, שיינע אויגן,
האָסט מײַן לעבן צוגעצויגן.

## צום פיקוס

דער בוים ער וויגט זיך קוים,
נאָר לופט אין שטוב צעוויגט איז,
אין הויז מײַנם וואַקסן שיין
צוויי קינדער און אַ פיקוס —
מיט יאָרן צוריק
כ׳האָב אַזוי אָנגעפאַנגען
אַ קורצינקע ליד.
כ׳האָב געזונגען אין ליד
פון דײַן וואַקסנדיקער קראַפט,
כ׳האָב פאַרטרויט דער וועלט,
אַז דו שוואַנגערסט אָן אַ שיעור
מיט בלעטער און צווײַגן,
אַז ס׳וואַקסן און שטײַגן
בײַ דיר דײַנע צווײַגן
און צוויי קינדער — בײַ מיר...
דערנאָך זײַנען שטורעמס געוועזן.
ביטערע שטורעמס.
אויך בײַ דיר האָט אַ וויכער
אַ ריס געטאָן
שטיקער פון לײַב.
אויך בײַ דיר איז פאַרטריקנט אַ צווײַג.

דאָך זע איך —
די גרינסט.
גרינסט ווידער
מיט גאָר פרישע גלידער...
צו טעפעלע ערד
זי קומט
די קראַפט אָט די גרויסע, פון וואַנען? —
איך ווענד זיך צו פיקוסן אַלע
און אַ קאַפּעלע
ערגעץ
איך בין זיי מקנא.

*

דער פרילינג — ער שפרינגט אויף די ווינטערשע רוקנס.
אַ יונגינקע זון ער צינדט אָן און פאַרלעשט.
אין גאַס איז אַ נעץ, און אין לופט איז פאַראַנען אַ קאַפּעלע
טרוקנס
אויף אויסהענגען וועש.

אין דער ערד, אינעם בוים האָט זיך פרישקייט פאַרטײַעט,
בײַם האַרצן בײַ מײַנעם — אַ טײַערער ווונק...
עס לויפן אַרום אויף די גאַסן טראַמוויַיען —
אַלטע טראַמווײַען מיט נײַיִנקן קלונג.

ס'איז פרי־יאָר. אין קאַלעזשעס גלאַנציקע, טונקעלע
טופעט מיט ליכטיקע פינגער די זון...
איך בין געקומען צו אײַך, מײַנע אייגענע ליכטיקע ווונקען,
און מיט ליכטיקן ווונק פון אַרום.

אָט קאַפּען די רינוועס איצט טראָפּן נאָך טראָפּן,
אָט קלײַבן צום האַרצן זיך טראָפּעלעך העל.
און גוט האָט דער פרי־יאָר מיך הײַ־יאָר געטראָפן —
געטראָפן מיך פונקט אויף דער שוועל.

# מאַמעניו־היים

אָט דאָס בין איך דאָס יִינגל,
וואָס האָט אַ מאָל געריסן זיך פון טאַטנס הענט.
אָט דאָס בין איך דאָס יִינגל,
ס׳אַנטלאָפענע אַ מאָל פון שטרענגקייט.
איך האָב אויף זיך געבעטן דאַן די פרעמד,
איך האָב נאָך איר געבענקט דאַן.

מיר שטייט ווי איצטער פאַר די אויגן
מײַן אָנקומען אין פרעמד —
עס האָט אַ בלענד געטאָן אין האַרץ מיר.
ס׳האָט אַ דאָרשט מיר ליפּן קינדערשע געברענט —
ס׳איז געווען דאָך די דאָרשטיקייט פון וואַרטן.
— — —
און לאַנג געבלאָנדזשעט כ׳האָב אין טונקלעניש פון לאַנד
מיט יִינגלעך — אײַנגעשרומפּן-דאַרע רוכלעך.
געזאַפּט די נאַרונג פון די ערשטע שפּאַן.
געזופּט אין זיך די ערשטע אומגעריכטקייט.

אין שטוב איז געהאַנגען אַ קאַרטע דעם זיידנס
מיט ליכטיקן שראַם אויף דער מיט.
מײַן קינדעריש אויג פלעגט פאַרברענגען און רעדן, —
מיט דעם שאַרפן וואָלינישן ייִד.

אַ באָרד בײַ דעם זיידן, געדענק איך, אַ ברייטע,
אַזאַ — פונעם וואַלדישן שניט,
אויך אַ האַנט בײַ דעם זיידן אַ ברייטע –
איז געגעבן, ווען זי גיט.

מײַן זיידע געווען איז אַ גוטער,
מיט גוטסקייט, וואָס גייט ניט צו גרונט.
געוווּסט האָב איך נאָך, אַז ער ווינט אין אַ כוטער
און ער האָט דאָרט אַ ראַבן, אַ וווּקסיקן הונט.

מײַן זיידע פלעגט קומען אין שטאָט פונעם כוטער
דורך דעם גרויסן דעם שטאָטישן בריק,
מיט פאָלעם צעלאָזטע, מיט אויגן, מיט גוטע,
און נאַשפּיץ — דער פײַערדיק־ליכטיקער בליק...

פון אונדזער גאַניק האָט מען אויסגעזען איר טיר,
געוווינט אַ הויפל לעם אַ הויפל,
זי פלעגט וועלן שטיין אַזוי לעם מיר,
און איך האָב זיך געקאָכעט נאָך איר לויפן...
„לאָמיר, ברושקע, שפילן זיך אין פערד",
„דו דער פערד, און איך דער טרייַבער?"
„ניין, דו וועסט זייַן דער פערד צו ערשט און איך דער
טרייַבער".
„גוט, נאָר געדענק — דערנאָך פאַרקערט".
מיר לויפן און סע ציטערט שוין די ערד:
— טפררררו, „טישע",
פערד,
שטיי!
— שטיי, ברושקע,
סע רייַסן זיך די ווישקעס...
נאָר ברושקע — ניט זי הערט און ניט זי זעט,
זי פליושקעט פיסלעך באָרוועס אין די גראָזן.
און אַז זי שטעלט זיך אָפּ, איז זי צעברענט
און מיט גרינגן שוויים באַגאָסן.
לייגן מיר זיך צו אויף גרינער ערד
און ברושקע טוליעט צו דער ערד דאָס קעפל,
איך האַלט זי אַלץ נאָך פאַרן צייַמל, ווי אַ פערד,
און גלעט זי פאַר די צעפלעך.

צו מײַן מאַמען פֿלעגן שטענדיק קומען גוטע פֿרײַנד
מיט אַ צאַרט, אַ ייִדיש לשון —
דאָס געדענק איך אָט ווי הײַנט,
כאָטש יענע לאַנגע צײַט איז שוין פֿאַרלאָשן.

איך געדענק די מאַמע איין מאָל אין אַ שטוביק קאַפּטעלע
אַ רויטס —
מאַמע־צאַרט איז פֿול שוין ביז די ברעגן.
אַרום שטוב איז דרויסן, וואָס לאַשטשעט און וואָס רייצט
מיט הייסן שטויב פֿון זומערדיקע וועגן.

זיצן גוטע פֿרײַנד אין אונדזער שטוב בײַ ריינע גלעזער טיי,
בײַ זויבער ווײַסע טישן.
זיצן פֿרײַנד, ווי דאָ איז זייער היים,
און די מאַמע טוט איר צאַרטן קול אין זייערן פֿאַרמישן.

זע איך, ס׳קליידט דער מאַמע מײַנער שיין,
ס׳קליידט איר בלײַעוודיקע צאַרטקייט.
עס איז וווּל מיר אין דער היים,
עס זוניקט מיר אין האַרצן.

פּלוצלונג קומט דער טאַטע מיט אַ יאָג...
„כ׳וויל אַזוינס ניט לײַדן".
פּלוצלונג קומט דער טאַטע מיט אַ זאָג...
„איך דאַרף זיי ניט, די לײַטן"...

— — —

אַז עס רעדט דער טאַטע האַרבע רייד
און עס קלינגט די שטוב מיט האַרטקייט,
ווילט זיך מיר, דעם ייִנגעלע, אַ פֿאַל טאָן צו דער מאַמעס
קלייד —
זיך אויסציִען מיר ווילט זיך פֿאַר מײַן מאַמע פֿאַר מײַן
צאַרטער.

איך האָב בײַ טאָג געחלומט מײַנע טעג,
איך האָב אַ וועלט געהאַוועט אינעם שלאָף אויך.
עס האָט געחלומט: כ׳פאָר פון שטוב אַוועק —
דעם טאַטן פאַר זײַן בייזקייט טו איך שטראָפן...

מײַן מאַמע שטייט לעם טיש בײַם שאַרפן ראַנד
און בעט מיך, איך זאָל מיטנעמען אַ קישן.
זי שטופּט מיר אָט אַ קישן אין דער האַנט,
זי כאַפּט מײַן קאָפּ אַרום און נעמט אים קושן.

און לאַנג פאַרהאַלט מיך מאַמע בײַ דער טיר
מיט הענט אַרום דעם קאָפּ מײַנעם פאַרשלייפטע...
די שטילע שוועסטער מײַנע נאָר גייט צו:
— אַברהם, די פור דײַנע זי וואַרט דאָך אויפן הויף שוין...

מײַן היים, כ׳בין צו דער פרעמד אַוועקגעגאַנגען אָן אַ קישן,
מיט ברוסט געשאַרפט זיך אויף די ראָגן.
געדענקסט: ניט דאָס גוטס איז דאָך געלעגן אויף די טישן,
ווען כ׳האָב מײַן מוטיקייט געקראָגן.

געדענקסט, מײַן היים, איך בין אַוועקגעגאַנגען אָן אַ קישן,
איך בין אַוועקגעגאַנגען צו נײַע ליקן,
אָן אייגענע און פרעמדע נויט באַדאַרפט האָב איך פאַרווישן,
איך בין אַוועק מיט שעפערישע בליקן.

זײַ וויסן, מאַמע־היים, איך וועל ניט קומען נאָך דעם קישן.
איך בין ווײַט אַוועק — איך זאָל צוריק ניט קערן.
כ׳בין אָנגעקומען אין אַ נײַער היים, אין לאַנד אין פרישן,
און זאָל ער מיר, מײַן אָנקום, ניט פאַרשטערט זײַן!

*

ס'איז מײַן געליבטע אַ קינד נאָך
מיט גרינינקע אויגן,
מוז איך דאָס האַרץ מײַנס פֿאַרשפּאַרן,
מיט ריגלען פֿאַרלײגן...
װיל איך הײַנט זײַן כאָטש דאָ נאָענט
בײַ טירן פֿון קינדערשער שטוב —
באַװאַך איך איר טיר און איר האַרץ
און דאָס שטילקײט אַרום...
ס'איז מײַן געליבטע אַ קינד נאָך מיט גרינינקע אויגן —
קוקן די אויגן מיט פֿלעמעלעך קאַלטע פֿון רעגן־בויגן.

*

אין מײַן שטוב ברענט די שטילקייט
אין מיטן
ווי אַ ליכט.

פרעג איך:
פאַרבלײַבן מיט שטיל,
צי לאָזן די שטיל הײַנט אַליין...

און זײַן איך מיט שטילקייט
שעמעוודיק נאַקעטערהייט, —
איך ווייס ניט פאַר וואָס יאָגט מיך אין דרויסן
אויף ווערן פאַרלאָשן,
אויף ווערן אַ קויל.
— — —
אין מײַן היים
— פאַר נאַכט איז אַצינדער
סע ברענט און בלענדט די טונקעלע שטוב.

פרעג איך:
פאַרבלײַבן מיט שטיל,
צי לאָזן די שטוב הײַנט אַליין?

*

סע רוט דער שאָטן פון פרימאָרגנס
אויף די הויכע שטילע בערג
און לעבט אַ לעבן אַ פאַרבאָרגנס
אויף די שפּיצן פון די בערג.

מיר גייען טרעטן הירזשעלער־אינזשירן
אויף דער רייצעוודיקער ערד.
און זאָל אונדז דאָ דער באַרג פאַרפירן
אויף דער קײַלעכדיקער ערד.

דאָס האַרץ מײַנס זאָגט מיר: לאָמיר וואָגן,
לאָמיר דאָ ניט בלײַבן אויף דער מיט,
דער באַרג וועט הויכעניש ניט קאַרגן
און וועט בענטשן דאָס געמיט.

*

איך באַוווין אַ שטוב, וווּ ס'איז טונקל,
אויפֿן דיל ליגן פּאַסיקלעך מעש,
און פֿון מעש אין שטוב פֿינקלט,
און אין שטוב שמעקט מיט בעזש.
אין דער שטוב איז אַ מיידל —
אַ פֿויגל אַ פֿרײַער, אַ פֿויגל אַ צאַרטער
בײַ זיך אין דער נעסט.
בײַם מיידל אַ האַנט אַ געטרײַע און צאַרטע,
און די האַנט אויף מײַן האַלדז זי פֿאַרמעסט.
זי רופֿט מיך אין אָוונט, אַזוי ווי פֿון ווײַטן, —
איך נעם אירע אָרעמס צו זיך אין דער האַנט.
זי זאָגט, אַז סע ווייעט פֿון ים פֿון פֿאַרשײַטן —
סע ווייעט אויף אונדז נאָכאַנאַנד.
דערשפּיר איך אַ נאָענטן ברוסטיקן צאַפּל
און כ'גיב מיט מײַן ברוסט זיך אַ וויג,
דעקט מיידל מיר צו דעם שוואַרצאַפּל —
דעקט צו מיט אַ בלענדיקן בליק.
איך דרינג דורכן טונקל, ווי דורך זײַדענע זיפּן,
דאָס מויל אירס דעם מיידלס, ווי אויף קוילן סע גליט...
דורך דער שטײַפֿקייט פֿון מיידלשע ליפּן
איך שפּיר אָן דעם זאַפֿט פֿון מײַן בלוט.

*

כ׳ליג אין ווייכער בעט פון גלאַטע שטיקלעך שטיין
מיט זעמדלעך טונקעלע, ווי מאָן,
און פאַר אויג אָט־אָ אַן אומגעוווינטס —
אַ שעה אַ זײַטיקע, אַ „קיינער איז ניטאָ״.

עס איז גוט צו ליגן דאָ בײַם ים —
ס׳איז גוט אַהין העט ווײַט ביז סאַמע ראַנד.
איך וואַרט, מײַן פרײַנד דאַרף צוקומען צום ים,
און פרײַנד האָט זיך אַ ביסעלע פאַרזאַמט.
— — —

ס׳רוישט און רוישט דער ים —
וואַל נאָך וואַל און וואַסער־וואַלגער אוראַגאַן.
דאָ קאָן זיך גאַרנישט אויסשעפּן דער חידוש.
קוואַלט און קוואַלט אָט־אָ דער ים,
ווי סע קוואַלן פרישע צאַפּלדיקע לידער.

*

אַ האַרץ איז קיין מאָל ניט דערונטער.
מײַן האַרץ איז הײַנט באַוויליקט.
איך בין צו אײַך אַרויסגעגאַנגען ווינטער
און אָנגעקומען פרילינג.

פאַראַן אַצינד אַ חנעוודיקער שאַץ, —
אַ יונגינקע דערפאַרונג.
פאַראַן אַזאַ מין שאַץ —
מ'זאָל ווינציקער שוין נאַרן.

איך כ'ווייס, אַז ס'זײַנען ניט געוועזן גרוי
מײַנע אַמאָליקע פאַרמעסטן.
נאָר דאָך איז פרייד אין מיר צעברויזט,
וואָס כ'טו עפּעס פאַרגעסן...

*

איך האָב דעם טאָג געאַרבעט טרײַ,
כ׳האָב מי קיין רגע ניט געמינערט,
דערנאָך בין איך געגאַן אַהיים,
עס האָט געלײַטערט זיך דער זינען.

איך האָב אין פיבערדיקן האַרץ
געטראָגן אומגעריכטע יאָרן.
געטראָגן אָנגעשאַרפטן מוט,
ער איז שוין לאַנג אין מיר געבאָרן.

איך האָב פאָרויסגעשיקט אַ גרוס,
אײַך, רגעס שטורמישע און ריינע.
אַ גרוס דער זויבערער מינוט,
וואָס קומט נאָך שטורעם אין די ביינער.

איך בין איצט גאַרנדיק אַזוי,
דאָס בלוט — אַ לויטערער געוויטער,
מיט גאַרנדיקן לײַב
איך בין איצט בײַ דער שעה פון מײַנע לידער.

*

אַ שטילער, אַ האַרבסטיקער טאָג.
איך גיי און איך גיי שוין דאָ לאַנג.
איך בלאָנדזשע ניט סתם —
איך גיי זיך אַ נייטיקן גאַנג.

אין געסעלעך־ראַמען מײַן גוף איך פּאַס אײַן —
ס׳איז ראַמען אַזוי פיל בײַ דרויסן פאַראַן...
איך גיי איבער היימלעכע גאַסן,
וואָס נעמען מיך אויף הײַנט מיט איטלעכן שפּאַן.

איך גיי און איך גיי מיטן האַרבסטיקן טאָג.
איך שטעל זיך נאָר אָפּ אויפן ליכטיקן ראָג.
איך קוק ווי עס פאַלן די בלעטער באַהאַרצט,
איך קוק ווי עס פאַלן די בלעטער אין האַרבסט.

איך גיי און איך טראָג אויף מײַן פּנים די שײַן
פון שטילן, פון האַרבסטיקן גאַנג.
איך בלאָנדזשע ניט סתם —
איך גיי זיך אַ נייטיקן גאַנג.

# אינהאַלט



## װעלט און צײַט



## צום שאַפֿער

## אויף דער שוועל

# פון קאָמיטעט פאַר ייִדישער קולטור אין ישראל

דאָס דאָזיקע בוך, וואָס דער לייענער באַקומט איצט אין האַנט אַרייַן, ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט פאַר ייִדישער קולטור אין ישראל, אין דער ביכער־סעריע געווידמעט די שאַפונגען פון שרייַבערס נייַע עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דאָס אַרויסגעבן אָט די סעריע ביכער האָט פאַר זיך פאָלגנדיקע צילן:

א) אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט דעם שרייַבער וואָס איז געקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד און האָט אויפגעשטעלט זייַנע שעפערישע געצעלטן אין דער אַלט־נייַער ייִדישער היים. צו דעם צוועק גיבן מיר אויך אַרויס די העפטן „ביַי זיך" און מיר גרייטן צו אַן אַנטאָלאָגיע פון זייערע שאַפונגען אין עברית.

ב) באַקענען די ייִדישע לייענערס אין ישראל און אין די תּפוצות מיט די שאַפונגען פון די דאָזיקע שרייַבערס, וועלכע זענען געווען אָפּגעריסן פון דער פרייַער ייִדישער וועלט, אין וועלכער די ייִדן האָבן תּמיד געהאַט אַ גרויסן אינטערעס צו דעם לעבן פון זייערע ברידער און שוועסטער אונטערן סאָוועטישן רעזשים.

ג) אַרויסברענגען מיט דער דאָזיקער איניציאַטיוו אונדזער פולע אידענטיפיקאַציע מיט די שרייַבערס נייַע עולים און שאַפן מעגלעכקייטן, אַז זיי זאָלן זיך וואָס גיכער איינוואָרצלען אין דער מדינה; דערמיט אויך סטימולירן זייער ווייַטערדיקן שאַפן אין באַדינגונגען פון פולער פרייַהייט און טרייַשאַפט צו זייער נאַציאָנאַל־גייַסטיקער שליחות.

ד) העלפן די שרייַבערס נייַע עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד זיך אייַנשליסן אין דער ישׂראלדיקער קולטור, אין וועלכער עס קומען זיך צונויף אַלע ווערטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורות דורך אַלע טיילן פון ייִדישן פאָלק אין דער וועלט.

אַ האַרציקן יישר־כּוח די אַלע, וואָס העלפן אונדז בייַם רעאַליזירן די דאָזיקע איניציאַטיוו און אַ ספּעציעלן דאַנק דעם י. ל. פּרץ־פאַרלאַג אין תּל־אביב, וואָס האָט אויף זיך גענומען דאָס אויספירן די פאַר־לעגערישע זייַט פון דער דאָזיקער אויסגאַבע מיט אַלעם, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן.